# רובאַיאַט
## פון
# אַמאַר כאַיאַם



נאָך
פיטצזשעראַלד
פון דר. א. איסען

# פאָרוואָרט צו אָמאַר כאַיאַם

## פון אברהם רייזען

דר. אברהם אייסען, האָט זיך שוין באקאנט געמאכט מיט זיינע איבערזעצונגען פון די ענגלישע קלאסישע דיכטער, ווי מילטאָן, טעניסאָן, בייראָן, קיעטס און שעלי. ביז דעם פּאָעטער פון די מאָדערנע דיכטער אין דער נייער צייט — וואָלט וויטמאן. זיינע איבערזעצונגען צייכענען זיך אויס מיט געטרייקייט צום אריגינאַל. איצט האָט ער אונז צוגעטראָגען א נייע מתנה — אן איבערזעצונג שוין גאָר פון א דיכטער פון אן אנדער לאנד און פון א ווייטער צייט — דאָס זיינען די רובאיאט פון פערסישען דיכטער אמאר כאַיאַם.

אויך די רובאיאט פון אָמאַר כאַיאַם זיינען געמאכט געוואָרען פון ענגלישען, לויט פיטצזשעראלד, נאָך וועלכען די איבערזעצונגען ווערען געמאכט אין אנדערע שפּראכען, אזוי אז די ענגלישע איבערזעצונג איז געוואָרען כמעט דער אָריגינאַל פון אָמאַר כאַיאַם.

פאַר די איבערזעצונגען, וואָס דער דיכטער דר. אברהם אייסען האָט געמאכט פון מילטאָן, טעניסאָן, בייראָן און אפילו וויטמאן

פארדינט ער א באזונדערע אנערקענונג: ער האָט אריינגעטראָגען דער ערשטער די גרויסע קלאַסישע ענגלישע פּאָעטען אין דער אידי־שער ליטעראַטור. אָבער זיין איבערזעצען די רובאיאט פון אָמאַר כאַיאַם, כאָטש אויך אונזער גרויסער דיכטער יהואש האָט שוין מיט צוואנציג יאָהר צוריק אונז געגעבען איינינע מוסטערן פון זיי אין אידיש, און אויך דער מאָדערנער דיכטער י. קיסין האָט פארעפענט־ליכט דאָס ווערק אין דער צוקונפט (1925 יוני העפט) — איז אבער זיין ארויסגעבען זיי אין בוך־פאָרם, איינע פון די באַגריסענסווערטע ערשיינונגען אין דער אידישער ליטעראַטור.

מיר שעצען אָפּ דעם גרויסען ווערט פון יהואש׳ס איינינע מוסטערן און מיר גיבען אויך צו די טיילווייז געלונגענע איבער־זעצונג פון י. קיסין, אבער מיר דערמאָנען און באטאָנען ווי־דער, אז דר. אברהם אייסען׳ס ארבייט צייכענט זיך אויס מיט דער גרויסער מעלה פון געטריישאפט צום אָריגינאַל, דאָס הייסט צו דער ענגלישער איבערזעצונג פון פיטזשעראלד, פון וועלכען אויך די רוסישע און דייטשע איבערזעצונגען זיינען געמאכט געווארען.

מען קען גלייך מערקען, אז דר. א. אייסען האָט זיין גרויסע קענטשאפט אין דער ענגלישער שפּראַך און זיין באזיצען די רייכ־קייטען פון דער אידישער שפּראַך, אויסגענוצט פאר דער דאָזיגער איהם באַליבטער ארבייט, און איבערגעגעבען דעם גייסט פון דעם פערזישען דיכטער, וואָס איז אין גרונט גענומען אונז אזוי פרעמד.

אונז איז נאָהענט דער הבל הבלים הכל הבל פון קהלת. פרומע אידען לייענען עם דעם שבת פון חול המועד סוכות אין די שוהלען. אבער דער סקעפּטיציזם פון קהלת ווערט באשטראַלט מיט א ליכטיגען און גרויסען געמיט; מיט א קלוגען און איידעלען שמייכעל און אויך מיט דעם געלייטערטען טרויער, וואָס גרעניצט זיך אזש מיט פרייד.

אָמאר כאַיאַם, וואָס דערמאָנט אפילו שטעלענווייז אין ספר קהלת איז אָהן א שטראַהל, אָהן א שיין. דער איינציגער וועג—צום שענק. די איינציגע טרייסט פון דער פארגענגליכקייט געפינט ער אין דעם כוס ווייז, אמאָל אויך ביי דער געליבטע.

קהלת צווייפעלט, מי יודע... אָמאר כאַיאַם זאָגט אויף זיכער, אז דאָרטען איז גאָר נישטאָ. ער געטרויט ניט און גלויבט ניט:

טייל יאָגען זיך נאָך רוהם דעם לעבען לאַנג,
ביי אנדרע איז גן־עדן דער פאַרלאַנג;
אָ. נעם מזומן בלויז, ניט גיב אויף באָרג
ניט אַכט דעם ברום, דעם וויי‌טען פּויק־געקלאַנג.

איז דערפאר וויל ער די פריידען אויף דער וועלט:

א לידער־בוך, א גרינער בוים דערצו,
א קריגעל ווייז, א לעבעל ברויט און דו
ביי׳ם זייט מיר זינגענדיג אין וויסטעניש,
די וויסטע וואָלט געוועזן גן־עדן רוה.

וועגען סאָציאַלע אומגערעכטיגקייט, וואָס אין קהלת ווערט מיט אזוי פיל פייער און פלאַמענדע ווערטער גערעט, וועגען די טרערען פון די באַרויבטע איז ביי אָמאַר כאַיאַם בלויז דאָ א שוואַכע אנדיי־טונג:

אָ ליבסטע מיין! ווען ס'וואָלט מיט מיר און דיר
די פרייע מאַכט געהערשט, ווי וואָלטען מיר
אין שטיקלאך דאַן די שלעכטע וועלט צושטערט
און אויפגעשטעלט א שענערע פון איר.

אבער גלייך נאָך דעם גייט ער איבער צו זיין אייגען לעבען.

אָט די לבנה וועלכע שיינט אריין
אויפ'ם ביי אין גאָרטען דאָ אין בלאַסען שיין —
ווי אָפט זי וועט אונז ביידען זוכען נאָך
נאָר איינער וועט געווים שוין מעהר ניט זיין.

פון די עטליכע ציטאַטען קען מען שוין אורטיילען דעם גרונד־טאָן פון דעם אלטען פערסישען דיכטער. ער בליצט מיט געדאַנקען, מיט אפאָריזמען. ער טרעפט גאָר אָפט מיט א וואָרט, א פאַר־גלייך אין אונזער הארץ און באַוועגט אונז צו פאַרטראַכטען זיך. קיין טרייסט פאַר אונז אבער האָט ער ניט, ער זוכט בלויז פאַרגעסען זיך. דערפאַר וואונדערען מיר זיך צו זיינע פערזען בלויז, ווי צו א מערקווירדיגקייט פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. אָמאַר כאַיאַם איז א חכם, וואָס האלט אליין ווייניג פון חכמה.

און אלע די וואָס האָבן קלוג באַקלערט
די בײדע װעלטן — יעדער פון זײ װערט
צום סוף אלס נאַרישער פּראָפּעט פאַרשפּאָט
און יעדענס קלוגע מויל פאַרשטומט מיט ערד.

אַז דאָס איז ניט אינגאַנצען ריכטיג איז א באַווייז, אַז זיינע רייד וואָס זיינען גערעדט געוואָרען מיט פיעלע הונדערטער יאָהר צוריק, זיינען דאָך ניט פארשטומט געוואָרען, און מיר ווערען נאָך באַגייסטערט פון זיי, אבגעזעהן פון זייער אינהאַלט, ווען מיר לעזען זיי היינט.

ווי אונזער פערזענליכע מיינונג זאָל ניט זיין וועגען דעם פּער־סישען דיכטער׳ס וועלט־אנשויאונג, מוזען מיר אבער צוגעבען, אַז אלס פּאָעט איז ער זעהר גרויס און געוויסע פערזען, ווי די גע־שפּרעכען פון די טעפּ אין טעפּער־הויז קלינגען נאָך איצט ניי און פריש, ווי זיי וואָלטען ערשט געשריבען געוואָרען.

דערפאר קומט א דאנק און אנערקענונג דעם אונערמידלי־כען דיכטער דר. אברהם אייסען, וואָס ער האָט מיט גרויס ליבע, איבערגעבענקייט און געטרייקייט אונז באקאנט מיט די שאפונגען פון אָמאַר כאיאַם און האָט באַרייכערט די אידישע ליטעראטור, מיט א דיכטונג, וואָס האָט אויך, אָהן צווייפעל באַרייכערט די וועלט־ליטעראטור.

איך האָף, אַז דער אידישער לעזער, און אויך די אידישע קריטיק,

וועט אויפנעמען דאָס דאָזיגע ווערק, וואָס איז ווי געזאָגט געטריי און געלונגען איבערזעצט געוואָרען פון אייסען'ען, מיט דער זעלבער אנערקענונג ווי דער שרייבער פון די צייל׳ען. אזעלכע ווערק, אָבגעזעהן פון זייער פעסימיסטישען אינהאלט, וואָס איז אפשר פרעמד דעם היינטיגען מענשען באקענען אונז דערפאר מיט די פאָרמען פון די גאָר אלטע שעפער, און מיט זייער וועלט־אנשויאונג. זיי שפיגלען אָפּ אין דער זעלבער צייט די אידייען פון זייער פאָלק; באקענען אונז אויך אינדירעקט מיט דעם לעבענס־שטייגער פון אמאָ־ליגע צייטען, און מענשען, און בארייכערן אויף אזא אופן אונזער גייסטיגען לעבען מיט פארגאנגענע שיינקייטען און ווערטען...

מיר האָפען, אז דר. אברהם אייסען וועט נאָך בארייכערן אונזער ליטעראטור מיט איבערזעצונגען פון אנדערע גרויסע דיכטער פון דער וועלט־ליטעראטור. ער איז דערצו באַרופען סיי אלס דיכטער אליין, און סיי אלס ליבהאָבער פון פּאָעזיע בכלל.

ניו יארק, אָקטאָבער 20, 1925.

# אָמאַר כאַיאַם

אָמאַר כאַיאַם, דער אַסטראָנאָם־פּאָעט פון פּערסיען, איז געבאָרען געוואָרען אין נעשאַפּאר אין שפּעטערן העלפט פון 11טען יאָרהונדערט, געשטאָרבען אין ערשטען פערטעל פון 12טן י. ה. פאר זיין לעבען האָט ער דערוואָרבען פילע קענטעניסען, הויפּטזאַכליך אויפ'ן געביט פון אסטראָנאָמיע, די סאַמע עלטסטע וויסענשאַפט, און ער איז געוואָרען ווייט בארימט.

אָמאַר האָט זיך גערופען מיט'ן צווייטען נאָמען „כאַיאַם", וואָס באַצייכענט א „געצעלט־מאַכער". עס ווערט דערציילט, אז מיט דער סאָרט ארבייט האָט ער זיך באַשעפטיגט די גרעסטע טייל פון זיין אָרימען לעבען.

דאָס בוך רובאיאט פון אָמאַר כאַיאַם (רובאיאט מיינט פיר־שורה'דיגע פערזען) איז אריינגעבראַכט געוואָרען אין דער אייראָפּייאישער ליטעראַטור אין לעצטען יאָהרהונדערט דורך דעם ענגלישען דיכטער עדוואַרד פיטצזשעראַלד און איז באַלד אנערקענט געוואָרען אלס א קלאסיש ווערק.

עדוואַרד וויטצזשעראַלד איז געווען א זון פון א דאָרפ'ס גלח, וועלכער האָט אים איבערגעלאָזט א גרויס פאַרמעגען אז ער זאָל

קאָנען לעבען ווי ס'האָט זיך אים געגלוסט. פיטצזשעראַלד האָט זיך אויסגעקליבען דאָס לעבען פון א דאָרפישער אָבגעזונדערטקייט, פון א פרוש, אוועק פון דער רוישיגער שטאָט און דעם טומעלדיגען עולם.

פיטצזשעראַלד האָט אָנגעשריבען אן אומגעהייערע צאָל ביכער, אָבער אלע זיינען געבליבען ווי פארגעסען, מיט דער אויסנאַם פון זיין איבערזעצונג פון אָמאַר כאַיאַם, וואָס האָט אים געמאכט אומ־שטערבליך. ער איז דאַן אלט געווען 44 יאָר, ווען ער האָט אנגע־פאנגען איבערזעצען די פערזען פון דעם פערזישען פּאָעט און אס־טראָנאָם.

די מעלות וואָס האָבען געמאכט די פּאָעמא אזוי בארימט זיי־נען, צוערשט, איר אייביג־פּאָפּולערע פילאָזאָפיע פון לעבען, פון דעם „חיי שעה" — „לעב אזוי לאַנג דו לעבסט" — און צווייטענס, צו־ליב דעם פייער און קאָליר פון אָריענטאַלישער בילדליכקייט. לאָרד טעניסאָן, דער גרויסער ענגלישער דיכטער פון 19טען יאָרהונדערט, האָט באַטראַכט פיטצזשעראַלד'ס איבערזעצונג פון אָמאַר כאַיאַם פאַר די בעסטע פון אלע אנדערע, אין פאָרם, קלאַנג און קאָליר.

דער איבערזעצער.

## א

וואַכט אויף! — די זון האָט שוין געזייגט! דערוואַכט!
פאַרטריבן זיינען פון דעם פעלד פון נאַכט
די שטערן דורך דעם ערשטן זונען־שטראַל,
וואָס פאַלט אויף סולטאַנס טורעם מיט גרויס פּראַכט.

## ב

נאָך איידער ס׳האָט אויף טאָג געטאָן א שיין,
פון גאַסט־הויז האָט א רעש געשאַלט: „אריין!
„וואָס שטייט איר דרויסן, ס׳איז דער טעמפּעל גרייט,
„ווער ס׳וויל נאר בעטען זאָל אהער אריין“.

## ג

און ביי דעם האָן־געקריי האָט מען ארום
דעם שענק געהערט געשריי און אַ געברום:
„מאַכט אויף די טיר, מיר בלייבען בלויז א וויל,
„מיר זעגנען זיך, און קערען זיך ניט אום.“

## ד

ס׳קומט פריש צו אונז דאָס נייע יאָר אראָפּ,
דער בענקענדער אין איינזאמקייט גייט אָפּ,
וואו משה׳ס ווייסע האַנט ביים צווייג דערשיינט,
און פון דער ערד באווייזט זיך קריסטוס׳ קאָפּ.

א. א י י ס ע ן

## ה

איראם [1] מיט זיינע רויזען איז ניטאָ,
אויך יאַמשידס [2] צויבער־כוס איז מער ניטאָ;
דאָך פינקעלט דער רובין אין וויינשטאָק נאָך,
און בליענדיגע גערטנער זיינען דאָ.

## ו

יאָ, דוד איז אלץ שטום — און דאָך, ווי שיין,
אין אַלטער פעהלווי־שפּראַך [3] עס פלייטעלט ריין:
„וויין, וויין!“ — די נאַכטיגאַל זינגט צו דער רויז:
„פאַרב רויט מיט וויין מיין בלאַסען באַקען־ביין“.

---

1) איראַם—א נאָמען פון א מיטהישען גאָרטען אין אַראַביע.
2) יאַמשיד—א מיטהישער קעניג.
3) פעהלווי (פּאַלעווי)—די אָפיציעלע שפּראַך פון אן אלטער די־נאַסטיע.

## ז

קום, פיל דעם כוס; אין פרילינגס-פלאַם מיט פרייד
וואַרף פלינק אריין חרטה׳ס ווינטער-קלייד ;
דער פויגעל „צייט“ צו פליען האָט א ווייל,
ער האַלט די פליגעל זיינע שוין צעשפרייט.

## ח

נעשאַפּאַר, 4) בבל — וואו עס זאָל ניט זיין,
צי זים צי ביטער ס׳איז דער כוס מיט ווייַן —
דער לעבענס-וויין רינט טראָפּ נאָך טראָפּ דאָך אויס,
דער לעבענס-בוים דאַרט בלאַט נאָך בלאַט דאָך איין.

---

4) נעשאַפּאַר—די היים-שטאָט פון אָמאַר כאַיאַם.

## ט

א יעדער טאָג ברענגט רויזן פיל, זאָגסטו,
די רויז פון נעכטן זאָג מיר איז איצט וואו?
דער ערשטער זומער-מאָנאַט מיט זיין רויז
נעמט יאמשידן 5) און קייקאָבאדן 6) צו.

## י

נו, זאָל ער נעמען! וואָס צו טאָן האָסטו
מיט קייקאָבאַד, צי מיט א קייקאָסרו! 7)
זאָל זאַל 8) צי רוסטום 9) קערן דאָרט א וועלט,
זאָל האַטים10) הוליען, — קוק זיך גאָר ניט צו.

---

8) זאַל—דער פאָטער פון רוסטום.

9) רופטום—אַ מיטהישער פערזישער העלד, דער זוהן פון זאַל.

5. 6. 7. 10) יאמשיד, קייקאבאד, קייקאסרו און האטים. נעמען פון מיטהישע קעניגע

## יא

קום מיט מיט מיר, אין פרייער ברייטער וועלט,
וואו מדבר גרעניצט זיך מיט גרינעם פעלד,
און וואו מען ווייסט ניט פון סולטאַן און שקלאַף —
און לאָז מאַכמוד׳ן מיט זיין טראָן און געלט.

## יב

א לידער־בוך, א גרינער בוים דערצו,
א קריגל ווייַן, א לעבל ברויט, און דו
ביים זייט מיר זינגענדיג אין וויסטעניש —
די וויסטע וואָלט געוועזן גן־עדן רו.

## יג

טייל יאָגן זיך נאָך רוהם דעם לעבן לאנג,
ביי אַנד'רע איז גן עדן דער פאַרלאַנג;
אָה, נעם מזומן בלויז, ניט גיב אויף באָרג,
ניט אַכט דעם ברום פון ווייטן פויק-געקלאַנג.

## יד

קוק אָן די ליבע בליענדיגע רויז,
„איך שפּראָץ", זאָגט זי, „א פריילאכע ארויס,
רייס באַלד די זיידנע פרענזלאך פון מיר אָפּ,
צעווארף מיין „אוצר" אין דעם גארטענס שויס".

## יה

סיי דער וואָס זאַמעלט גאָלד־זאָמען און שפּאָרט,
סיי דער וואָס וואַרפט זיי צו די ווינטען פאָרט,
זיי ביידען לעגט מען ניט אין גאָלד׳נער ערד
מען זאָל זיי וועלען אויסגראָבען פון דאָרט.

## יו

די האָפנונג וואָס דער מענש אין האַרצען האַלט,
ווערט אַש—און אויב זי שיינט ווען אויף,—זי פאַלט
אַזוי ווי שניי אויף מדבר׳ס שטויב־געזיכט,
גלאַנצט אויף א ווייל און ווערט צעגאַנגען באַלד.

## יז

באַטראַכט דאָס אַלטע גאַסט-הויז דאָ ביים וועג
מיט טירען בייטענדיגע: נעכט און טעג,
וואו א סולטאַן נאָך א סולטאַן איז אָפּ
מיט גלאַנץ זיין צייט, און גייט דערנאָך אוועק.

## יח

דער לייב און שלאַנג איצט הערשן, כ'האָב געהערט,
וואו יאַמשיד האָט זיין כוס מיט וויין געלעערט,
דער אייזעל טרעט אויף יעגער באַראַהם'ס 11) קאָפּ,
דאָך, שלאָפט ער רואיג, טיף און ניט געשטערט.

11) באהראם—אן אלטער פערזישער קעניג און יעגער.

## יט

מיר דאַכט, אז קיינמאָל בליט ניט אזוי רויט
די רויז, ווי דאָרט וואו ס׳ליגט א צעזאר טויט,
אז יעדער היאַצינט אין גארטענ׳ם שוים
שפּראָצט פון אַ שעהנעם קאָפּ וואָס איז לאַנג טויט.

## כ

און דאָס באַנייטע צאַרטע גראָז וואָס בליט
ביים גרינעם ברעג פון טייך וואוהין אונז ציט,
ניט לען זיך אָן אויף דעם צו שווער, ווער ווייסט
וואָס פאַר אַ ליבע ליפּ די נאַרונג גיט?

## כא

אָ ליבסטע, פיל דעם בעכער אָן, פאַרמעק
  פון  ה י י נ ט  דעם נעכטענ׳ס ווײ און צוקונפט׳ס שרעק
פאר  מ אָ ר ג ן! — יאָ, ווייל מאָרגן וועל איך זיין
מיט נעכטענ׳ס זיבן טויזנט יאָר אוועק.

## כב

די ליבסטע פריינט, וואָס קומען מיט אונז זיין,
וועם "צייט" האָט אויסגעפּרעסט ווי רייכסטען ווײַן,
געטרונקען האָבען זייער כוס צי צוויי,
און באַלד געגאַנגען שטיל אין גרוב אריין.

## כג

איצט פאַלגען מיר זיי נאָך מיט יוגנד־פרייד
ווען זומער ציט אויף זיך דאָס גרינע קלייד, —
דער קבר וועט אויך אונז דאָך זיין א בעט, —
און מיר — פאַר ווערמען אַלס געלעגער גרייט?

## כד

אָ, אַלץ וואָס דו פארמאָגסט — פאַרנוץ, פאַרשווענד,
בעפאָר מיר ווערן שנעל אויף שטויב פארלענדט,
פון שטויב צו שטויב — און ליגן אונטער שטויב,
אָן וויין, אָן ליד, אָן זינגער אָן אָן ענד!

## כה

צו די וואָס יאָגן זיך פאַר „היינט“ נאָך פרייד,
צו די וואָס ווילן זיין פאַר „מאָרגן“ גרייט, —
פון חשך־טורעם רופט א מועזין[12] :
נאַראָנים! שכר איז ערגעץ ניט געגרייט“.

## כו

אך, אלע די וואָס האָבן קלוג באַקלערט
די ביידע וועלטן, — יעדער פון זיי ווערט
צום סוף אלס נאַרישער פראָפעט פאַרשפּאָט;
און יעדענס קלוגע מויל פאַרשטומט מיט ערד.

---

12) מועזין—איינער וואָס רופט דעם עולם צו תפלה.

## כז

איך פלעג אין יוגענט חשק האָבן בלויז
פאַרברענגען ביי געלערנטע אין הויז,
און לערנען חכמה דאָרט, — דאָך אלע מאָל
האָט מיר די זעלבע טיר געפירט ארויס.

## כח

מיט זיי האָב איך דער חכמה׳ס זאָם פארזייט,
און מיט מיין מיה דאָס וואַקסען צוגעגרייט;
און דאָס איז מיר געבליבן פון דעם שניט:
„איך קום ווי וואסער — כ׳ווער ווי ווינט פארווייט“.

א. א י י ס ע ן

## כט

איך קום, ווי וואסער אויף מיין לעבנ'ס-וועג,
ניט ווייסענדיג „פארוואָס", פאר וועלכען צוועק,
און מיר ניט זאָגענדיג „וואוהין" — איך געה,
גלייך ווי א ווינט אין וויסטעניש, אוועק.

## ל

עס בלייבט מיר פרעמד „פון וואנען" און דער ציל,
פון דעם „וואוהין" האָב איך ניט קיין געפיל —
אָ, יאָ, איך מוז מיט דעם פארבאָט'נעם וויין
פארטרינקען דאָ דעם גאַנצן חוזק-שפיל.

## לא

פון צענטער פון דער ערד צו סאטורנס טיר
בין איך ארויף דורך וועגן, אָן א שיעור,
און אָפּגעקניפּט פיל קניפּען אויף מיין וועג, —
דער שיקזאל׳ס קנופּ בלייבט דאָך פארקניפּט פאר מיר.

## לב

געוועזן די טיר — כ׳האָב ניט געקאָנט אריין,
א שלייער האָט ניט דורכגעלאָזט די שיין;
מען האָט פון „מיר" און „דיר" גערעדט א ווייל —
און דאַן — קיין שפּור ניט מעהר פון קורצען זיין.

## לג

עס האָט די ערד דעם סוד מיר ניט אנטפּלעקט,
און ניט דער ים, אין פּורפּור-קלייד באַדעקט;
ווי אויך דער ראָלענדער אנטבלויזטער רוים
בלייבט אין דעם קנויל פון טאָג און נאכט פארשטעקט.

## לד

איך האָב זיך צו דער פינצטערניש געווענדט
און אויפגעדעקט דעם שלייער מיט די הענט:
נאָך ליכט וואָס וואָלט דעם „דו" אין „מיר" באַהעלט;
איך האָב דערהערט: „דו בלייבסט מיט בלינדע ווענט"!

## לה

כ'האָב דאַן צום קרוג געווענדט מיין מויל און בליק,
צו לערנען וואו עס ליגט מיין לעבענס-גליק;
און ליפּ צו ליפּ האָט שטיל געמורמעלט: „טרינק
ווי לאַנג דו לעבסט! — ווען טויט, קומסט ניט צוריק".

## לו

מיר דאַכט: די קרוג וואָס האָט עס מיר דערקלערט
האָט זעלבסט אַמאָל געלעבט אויף אונזער ערד
און ווײַן געליבט; אַך, וויפיל קושען ס'וואָלט
איר ליפּ געקראָגען איצט — און אומגעקערט!

## לז

ווייל כ'האָב אַמאָל זיך אָפּגעשטעלט, באַטראַכט
ווי, קלאָפּנדיק, ווערט פון דעם ליים געמאַכט
דער טאָפּ, און צו דעם טעפּער האָט דער טאָפּ
געמורמעלט שטיל: „אָ, טו עס, פריינד, מיט אַכט!"

## לח

און איז דען ניט אַזאַ געשיכטע באַלד
ביי אונז מער ווי א טויזנט דורות אַלט?—
פון אָט אַזאַ שטיק קלעפּיק-פייכטע ערד
האָט גאָט געמאַכט דעם מענש אין זיין געשטאַלט.

## לט

און יעדער טראָפּן וואָס פון בעכער פאַלט
ווערט אין דער ערד אריינגעזויגן באַלד,
און לעשט דעם פייער פון א מענשנס אויג
וואָס אונטן טיף די גרוב פאַרבאָרגען האַלט.

## מ

און ווי די טולפּע פרי פון גארטענס שוים
צום הימעל׳ס וויינשטאק שטרעקט איר בעכער אוים,
אזוי טו דו איר נאָך, ביז ער וועט דיך
צו ד׳רערד אומקערען — ווי א ליידיג כוס.

## מא

נִיט מִיש זיך מער מיט גאָט, מיט׳ן מענשענס „זיין“,
אין מאָרגענס פּלאָנטער לאָז זיך ניט אריין,
לאָז אלץ צום ווינט! פארשפּיל זיך ליבערשט מיט
דער ציפּרעס־שלאַנקער פּריסטערין פון וויין.

## מב

און אויב דיין וויין, דיין קוש אין „נישט“ צוגייט
ווי אלץ דאָ אויף דער ערד וואָס קומט און גייט, —
דאַן טראַכט: דו בלייבסט דער זעלבער וואָס געווען,
ניט מינדער „מאָרגן“ ווען דיין „היינט“ פארגייט.

## מג

און ווען דער מלאך פון דעם טויט-געטראַנק
וועט קומען אין דער שעה פון דיין פאַרגאַנג
און וועט דערלאַנגען דיר דעם לעצטן כוס —
טרינק דאַן מיט מוט, ניט וויין קיין שרעק, קיין באַנג.

## מד

יאָ, אויב די זעל קאָן אויסטאָן זיך פון ערד
צו פליען פריי, אנטבלויזט, און אומגעשטערט,
איז ניט א שאַנד — איז ניט א שאַנד פאַר איר
צו וואוינען אין דעם שוואַכען גוף פון ערד?

א. א י י ס ע ן

## מה

ס׳איז בלויז פאר איין טאָג רו אָט דאָס געצעלט
פאַר דעם סולטאַן אין וועג צו טויטער־וועלט,
זיין צייט איז אָפּ, און דער פערראַש[13] צעפּירט,
און גרייט פאר׳ן צווייטען גאַסט א ניי געצעלט.

## מו

די צייט וועט זיבער ניט מיט מיר און דיר
די וועלט פארשליסען — אָפען בלייבט די טיר —
פון אייב׳געץ זאקי׳ס[14] קרוג שוימט אייביג אויף
מיליאָנען בלעזלאך פּונקט ווי ביידע מיר.

---

13) פערראַש — א משרת, א הויז־דינער.
14) זאַקי — א שר המשקים, אדער דער וואָס דערלאַנגט דעם וויין אויף א שמחה.

## מז

מיר וועלן אויף דער ערד ניט זיין שוין לאנג,
די וועלט וועט אָבער אָנגיין מיט איר גאַנג;
אַ זאַמד־שטיינדעל געוואָרפען אין דעם ים
אַט דאָס איז אונזער אויפגאנג און פאַרגאַנג!

## מח

א רגע דויערט דאָ דיין זיין — געניסט
בלויז א מינוט פון ברונעם אין דער וויסט —
אָ, בליק! דיין פאנטאָם קאראוואן זעט אוים
א טריט זיך ניט געריהרט — ניט ווארט אומזיסט.

א. א י י ס ע ן

## מט

דו ווילסט דיין קורצן „זיין“, די איינע ווייל,
אין טיפֿען סוד פֿארטאָן? נו, איל זיך, איל!
פֿון אמת ביז דעם שקר איז א האָר —
ווי פֿלינק עס פֿליט אוועק דיין לעבענס־פֿייל!

## נ

פֿון שקר ביז דעם אמת איז א האָר,
יאָ, בלויז איין אליף[15] ברענגט דיר אויף דעם שפּור —
אויב דו געפֿינסט אים נאָר — צום אוצר'ס אָרט
און אויך פֿילייכט צום גרעסטען שעפֿער גאָר;

15) אַליף — דער ערשטער בוכשטאַב אין דעם פּערזישען אלף־בית, פּונקט ווי אין אונזערען.

## נא

וועמ׳ס גייסט אין אַלץ געהיימניספול עס שוועבט
און אין דיין לייד מיט מוט דיך פריש באַלעבט ;
פון מאַה ביז מאַהי בייט ער זיך אין פאָרם ; 16)
אַלץ ווערט פאַרשוואונדען — ער בלויז אייביג לעבט ;

## נב

א ווייל — דאן צ׳ריק אין פינסטערניש פון נאַכט,
וואָס אין דער גרויסער דראַמע הערשט מיט מאַכט,
וואו, ע ר צום צייטפאַרטרייב פון אייביגקייט,
האָט זיך אליין אלס מעכטיגסטן באַטראַכט.

---

16) מאַהי — אין פערסיש, פיש; מאַה—די לבנה. אַזאַ ווערטל אין יענעם לאַנד.

א. אייסען

## נג

נאָר אויב עס ווערט דיין תפילה ניט געהערט
און אויף דער ערד איז גליק דיר ניט באשערט
נאָך היינט, ווען דו ביזט דו, — ווי ועט שוין זיין
דאַן מאָרגען, ווען דיין דו אוים דו גאָר ווערט?

## נד

פאַרוועגד נאָר נישט די שטונדע פון דיין „זיין",
אין פוסטער חקירה לאָז זיך ניט אריין;
אנשטאט צו בענקען נאָך די ביט׳רע פרוכט
בלייב ליבערשט פריילאך מיט דעם זיסן וויין.

## נה

איר ווייסט דאָך, פריינט, ווי לוסטיק כ׳האָב פאַרבראַכט
ווען כ׳האָב מיין צווייטע פרוי צו זיך געבראַכט;
די קינדערלאָזע ווייב, פארנונפט, גע׳גט —
מיט געטין וויין פאַרלאָבונג גלייך געמאכט.

## נו

ווייל כאָטש מיין קענטנים העלפט מיר מיט איר שיין
אין טיפן פאָרשן פון „ניט זיין" און „זיין",
דאָך פארשענדיג אין אלץ דעם טיפן גרונט
דערפאָרשט האָב איך דאָס טיפסטע בלויז — אין וויין.

## נז

מען זאָגט, איך האָב א גוטע זאַך באַצוועקט
ווען איך דעם קורצען לוח האָב אנטדעקט, —
ניין, איך האָב בלויז דעם טויטן „נעכטן" דאָרט
מיט אומגעבויר׳נעם „מאָרגן" אויסגעמעקט.

## נח

כ׳האָב דאָ ניט לאנג באמערקט אין אָוונט-שיין
וואָס איז צו מיר דורך טיר פון שענק אריין:
א מלאך טראָגנדיק א קרוג; „פאַרזוך!" —
האָט ער געזאָגט, און ס׳איז געווען — וויין!

## נט

דער ווײַן וואָס לאָגיש האָט אין אַלטער צייַט
די קלאָרסטע דיספּוטאַנטן לייכט באַשטרייט;
דער גרעסטער אַלכעמיסט, וואָס אין א בליק
דעם לעבענס בליי-מעטאַל אין גאָלד פארבייט;

## ס

דער מעכטיגער מאַהמוד 17) — ווי גאָט פאַרעהרט —
וואָס מיט זיין שאַרפן ווירבלדיקן שווערד
די שוואַרצע מחנה ווייטיקן און שרעק,
וואָס דריקט די זעל, צושמעטערט ער, צושטערט.

17) מאַחמוד—דער פּערזישער וואָרט פאַר מאָכאָמעד.

א. א י ס ע ן

## סא

אויב ס׳איז פון גאָט אליין דער וויין געבראַכט
ווי מעג ער אַלס א נעץ דאַן זיין באַטראַכט?
אויב וויין איז גליק, ווארום ניט טרינקען פריי?
און אויב א פלוך — דאַן ווער האָט וויין געמאכט?

## סב

זאָל איך זיל אָפּזאָגען פון ליבען וויין
אוים שרעק: ער פירט אין גיהנם גלייך אריין, —
צי גלויבן אין א פולן כוס פון גאָט
ווען ס׳וועט פון מיר קיין זכר מער ניט זיין!

א מ א ר כ א י א ם

## סג

גן עדן, צי א גיהנם אָנגעגליט! —
איין זאַך איז זיכער, אז דאָס לעבן פליט;
איין זאַך איז אמת און דאָס רעשט איז פאַלש:
ס'בלייבט אייביג טויט די בלום וואָס ווערט פארבליט!

## סד

ס'איז מאָדנע, איז עס ניט? כ'האָב ניט געהערט,
אז ווער פון די וואָס רוען אין דער ערד
זאָל האָבען ווען דערציילט פון טריבן וועג,
אויף וועלכן יעדן איז צו גיין באשערט.

א. א י י ס ע ן

## סה

און אויך די העכסטע לערע וועלכע ווערט
פאר אונז אנטפלעקט און שטארק פארעהרט
איז בלויז א מעשה אונז פון שלאָף דערצעהלט
און ווידער באלד צום שלאָף זיך אומגעקערט.

## סו

מיין זעל האָט יענע וועלט געוואָלט פארשטיין,
פון שכר און שטראָף דעם אמת צו דערגיין —
נאָך לאנגן זוכן האָט זי מיר געזאָגט:
„גיהנם און גן עדן — בין איך אליין!“

## סז

גן עדן — אַן אילוזיע, אַ פאַרלאַנג;
גיהנם — איז אַ זעל פאַרצערט אין דראַנג,
געשליידערט אין דעם חשך פון דער נאַכט,
דאָס אָרט פון אונזער אויפגאַנג און פאַרגאַנג.

## סח

מיר גייען דאָ פאַרביי, ווי אויסגעשטעלט
אַ רייע שאָטנס, אַ געשפּענסט, באַהעלט
אינמיטן נאַכט פון אַ לאַמטערן-ליכט
געהאַלטן פון דעם הערשער פון דער וועלט.

א. א י י ס ע ן

## סט

מיר זיינען ביינדלאך בלויז צושטעלט צום צוועק
פאַר שאַך־שפּיל אויף דער ברעט פון נעכט און טעג;
ע ר גייט א גאַנג אהער, אהין און שלאָגט —
און איינס נאָך איינס אין קעסטל צ׳ריק אוועק.

## ע

דער באַל פרעגט קיינמאָל ניט וואוהין ער גייט,
ער פאָלגט דעם שפּילער׳ס וואָרף — גאר שטומערהייט!
און ע ר וואָס האָט געוואָרפען דיך אין פעלד,
ע ר ווייסט שוין ריכטיג ווי מיט אלצדינג שטעהט!

## עא

דער פינגער שרייבט, פאַרשרייבט, און קערט זיך אָפּ;
עס העלפט ניט פרומקייט אדער קלוגער קאָפּ,
ער שטרייכט ניט אוים קיין האַלבע שורה מער,
אויך טרערן וואַשן דאָן קיין וואָרט ניט אָפּ.

## עב

דער הימעל־שאָל וואָס האַלט אונז צוגעדעקט
און אונטער אים מיר קריכען אום, פאַרשטעקט —
אויך ער, באוועגט זיך מאַכטלאָז פונקט ווי מיר —
אומזיסט צו אים נאָך הילף די הענט געשטרעקט!

א. אייסען

## עג

פון אורשטויב איז דער לעצטער מענש געקנייט
און דאָרט פון לעצטען שניט די זאָם פארזייט:
נאָך אין דעם ערשטען שאַפונגס־טאָג גאָט׳ס וואָרט
פון לעצטן יום הדין פארשריבן שטייט.

## עד

דער „נעכטן" האלט דעם צער פון היינט געגרייט;
אויך מאָרגנ׳ס שווייגן, יאוש, זיג, ער זעהט;
נו, טרינק! ווייל קיינער ווייסט פון וואן ער קומט,
פארוואָס ער קומט, און ניט וואוהין ער געהט!

## עה

ווען גאָט האָט פון די פלאַמענדיקע פערד
די אָפּגעטער געשליידערט און צושטערט,
גלויב איך, אין יענעם ערשטן שאפונג׳ם טאָג,
שוין האָבן אויף מיין פלאַץ פון זעל־און־ערד

## עו

די וואָרצלען פון מיין ווינשטאָק זיך צושפּרייט ;
דער דערוויש טרייבט אַלץ שפּאָט פון מיינע רייד :
אז ס׳קאָן פיליכט א שליסל זיין פון מיר
צום טיר ביי וועלכער בעטנדיק ער שטעהט.

## עז

איך ווייס אויך דאס: צי ס'וועט דאָס וואָהרע ליכט
באַלויכטן, צי פאַרצערן מיין געזיכט —
איז ליבער מיר איין איינציג שטראַל אין שיינק
ווי וואנדערען אין טעמפעל גאָר אָהן ליכט.

## עח

אָ, פון דעם לערען „ניט" צו שאַפן דאָך
דעם מענש וואָס שטענדיק קעמפט ער קעגען יאָך
פון ניט דערלויבטער לוסט; באפרייט ער זיך —
באַשטראָפסטו אים מיט אייביק ליידן נאָך.

## עט

פון הילפלאָזן, ווי איז עס גאָר געמאָלט,
פאַר פּסולת פון אים קריגן ריינעם גאָלד!
א לומפּיגער געשעפט, ווען מיט געוואלד
א מענש פאַר ניט פאַרלאַנגטע סחורה צאָלט.

## פּ

אָ, דו וואָס האָסט מיט קלאָרן אויג געזען
דעם וועג אויף וועלכן כ'האָב באדארפט צו גיין,
וועסט זיכער ניט באַטראַכטן דאן מיין פאַל
א זינד, — דו האָסט דאָך אלץ פאָראויסגעזען!

## פא

אָ, דו, וואָס האָסט פון שטויב דעם מענשן-קינד
געמאכט, און פאר די ערשטע זיינע זינד
דעם שלאַנג אין פּאַראַדיז אריינגעבראכט —
פארגיב איהם דו און ער אויך דיר, אצינד!

## פב

עס איז א גרויענדער פאַרנאַכט געווען,
ווען כ׳האָב דעם טעפּערס שטוב באזוכט אליין,
(ווען ראַמאַזאַן 18) איז הונגעריק אוועק)
און צווישן טעפּ פון ליים געבליבן שטיין.

18) ראמאַזאַן — דער 9טער מאָנאַט פון מאַבמעדאַנישען יאָהר, וועלכער ווערט באַטראכט אלס א מאָנאַט פון פאַסטען און תשובה טאָן.

## פג

אויף ד'ערד ארום די וועגט דאן האָב איך דאָרט
באמערקט אפולע טעפּ פון יעדן סאָרט;
עס האָבען דאָרטען אייניגע גערעדט
און אנד'רע בלויז געהאָרכט, און ניט קיין וואָרט.

## פד

האָט אָנגעהויבן איינער — „מען פארשטייט,
„אז ניט אומזיסט בין איך פון ערד געקנייט,
„אזוי אז ווען מיין פאָרמע ווערט צושטערט
„צוריק צו שטויב און ערד מיין וועזען גייט".

א. אייסען

## פה

א צווייטער האָט געזאָגט: „ניין ס׳קאָן ניט זיין! —
„א מענש צוברעכט ניט בייז זיין כוס פון וויין;
„און ער וואָס האָט דעם כוס אליין געמאכט
„וועט זיכער ניט צושלאָגן אים אָן שטיין“.

## פו

דאַן האָט א מיאוסער קרומער טאָפּ ביים וואַנט
נאָך קורצן שטילן שווייגן זיך דערמאַנט:
„מען לאַכט פון מיר וואָס איך בין לאָם און קרום, —
„עס הייסט, געציטערט האָט דעם טעפּערס האנט?“

## פז

דאָ האָט זיך מאָדנע פּלפּולדיק א טאָפּ
ארויסגעכאפּט — מיט א צוהיצטן קאָפּ,
„וואָס טעפּער און וואָס טאָפּ! איך בעט אייך זאָגט, —
„ווער איז דער טעפּער דען און ווער דער טאָפּ?"

## פח

„מען זאָגט" — א פינפטער איז ארויס מיט מוט,
„אז מיאוסע טעפּ ווארפט ער אין גיהנם-גלות, —
„ווער ווייסט? — נאר ס'לייגט זיך דאָך ניט אויף דעם זין!
„ער האָט א גוטע הארץ, און ס'וועט זיין גוט!"

א. א י י ס ע ן

## פּט

געמורמלט האָט אָן אנדער טאָפּ דערביי:
„כ׳בין טרוקן און פאַרגעסן סיי ווי סיי,
„וואָלט אימיצער מיר אנגיסן מיט וויין,
„מיר דאַכט, איך וואָלט גאָר אויפגעלעבט אויפסניי!“

## צ

ווען די לבנה איז אריין אין הויף
איז דער געשפּרעך געקומען צו א סוף;
באַלד האָבן זיך צונויפגעשטויסט די טעפּ:
„פריינט, פריינט, אויף שענקער׳ם אקסלען גיך ארויף!“

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

## צא

אָה, שטאַרב איך, וואַשט מיין טויטען גוף מיט וויין,
און די תכריכים מיינע זאָלן זיין
געמאַכט פון ווייַנשטאָק'ס לעבעדיקען בלאַט
און לייגט דאָרט ביי דעם גאָרטען מיין געביין.

## צב

דאן וועט פארפירעריש פון וויין דער דופט
פון קבר פריי צוגיסן זיך אין לופט
און יעדער גלויביגער וועט אומבאוואוסט
דאן איבערוועלטיגט ווערן פון דעם דופט.

א. איסעז

## צג

די געצן וואָס איך האָב געליבט גאנץ לאנג,
זיי האָבן מיך פארשפּאָט, פאַרשאַפט מיר באַנג;
מיין רוהם פארטרונקען אין א פלאַכן כום,
פארקויפט מיין נאָמען בלויז פאר א געזאנג.

## צד

כ׳האָב ווירקליך פון חרטה אָפט געטראַכט —
האָט דאָס די ניכטערקייט צו דעם געבראכט?
און אָט האָט פריהלינג מיט א רויז אין האַנד
פון מיין חרטה באלד א תל געמאכט.

## צה

כאָטש ווייַן האָט מיר אלס לעסטערער ענטהילט
און כ'האָב דערפאר מיין עהרען-קלייד פארשפּילט,
דאָך, בעסערס קריגט דער שענקער קיינמאָל ניט
פון דעם וואָס ער פארקויפט, — האָב איך געפילט.

## צו

דאָך, מיט דער רויז מיין פרילינגס-צייט פארשוואונדט,
מיין יוגענט'ס דופטענדיקער בוך — צו ענד!
פארשטומט דאָס זינגען פון דעם נאַכטיגאַל,
צוטראָטען אין מיין גאָרטן און פארלענדט!

א. אייסען

## צז

אך, ווען מען וואָלט אין אָט דער מדבר־וועלט
אנטדעקט דעם שפור וואו פרישע וואַסער קוועלט,
נאָך וואָס דער וואנדערער דער מיעדער גאַרט,
ווי דורשטיג גראָז אויף א צוטראָטן פעלד!

## צח

וואָלט איינער כאָטש פון דעם מלאכים־שאַר
ארויף אהין צום שטריינגען רעגיסטאַר
און צווינגען אים צו ענדערן די שריפט, —
פיליכט וואָלט גאר אויסשטרייכן אונז דער האַר!

## צט

אָ, ליבסטע מיין! ווען ס'וואָלט מיט מיר און דיר
די פרייע מאכט געהערשט, ווי וואָלטן מיר
אין שטיקלאך דאן די שלעכטע וועלט צושטערט
און אויפגעשטעלט א שעהנערע פון איר.

## ק

אָט די לבנה וועלכע שיינט אריין
אויפסנייי אין גאָרטן דאָ אין בלאַסן שיין;
ווי אָפט זי וועט אונזביידן זוכן נאָך —
נאר איינער וועט געוויס שוין מער ניט זיין.

א. א י י ס ע ן

## קא

אונ ווען ווי זי, אָ, זאַקי, קומערלאָז,
געהסט דורך די אויסגעזעצטע געסט אין גראָז
און גרייכסט אין גאַנג אויך מיין אמאָליג אָרט,
קער איבער דאָן פאר מיר א לעערן כוס.



